מענדל מאַן

# די שטילקייט מאָנט

"בארבאַו־פֿאַרלאַג"
לאָדזש 1945

ISBN:0-657-12449-4

מענדל מאַן

# די שטילקייט מאָנט

לידער און באַלאַדן

„באָראָכאָוו־פאַרלאַג״ לאָדזש 1945

# פארוואָרט

דער יונגער דיכטער מ. מאַן איז דאָ נישט געווען בשעת די גרויסע שחיטות און שוידערלעכע נישט־מענטשלעכע געשעענישן. ער קומט פון ווייט צוריק צו זיין היים... נאָר ווער וואַרט אויף אים? ווער זיכט אים דאָ? „ווער קען דען קומען צו אים"? די היים די לאַנג אויסגעבענקטע, אויסגעחלומטע היים, איז שוין מער קיין היים נישט; אלץ איז פאַרשווינדן! אפילו דער רעגן־בויגן האָט דאַ פאַרלוירן זיינע פאַרבן! אַרום און אַרום אַ בית עולם—אַ שטילקייט נאָך א שטורם, אָבער די שטילקייט לאָזט נישט רוען, זי מאָנט, זי שרייט, זי רופט צו נקמה!—

און דער דיכטער פאַרטרוימט זיך: ווו איז דאָס לעבן אהינ־געקומען? ער זוכט אין דער פארגאַנגענהייט – דערזעט דעם אומ־קום פון געטאָ; דעם יידן אין לאַגער, אין וואַלד, אויף דער ארישער זייט – ער זעט דעם שוידער, דאָס אכזריותדיקע. וואָס האָט זיי אומגעבראַכט – ער דערזעט אָבער אויך דעם חלום נאָך פרייהייט, דעם קאַמף, דאָס העראָישע פון די צום טויט געפייניקטע און ער פרעגט זיך, פאַרוואָס האָט זייער כח קיין תיקון נישט באַקומען? און די פראַגע בלייבט אָן אַן ענטפער.

ווי אַ ווייטער, שטילער עכאָ פון די נישט ווייטע אכזריותדיקע געשעענישן זיינען זיינע לידער.

אָבער נישט נאָר די פאַרגאַנגענהייט ציט צו דעם מחבר...

ער שטייט אינמיטן פון געראַנגל, אויף דעם פוסטן מדבר און

שלאָגט זיך מיט זיינע דעות: ווו צעשלאָגט מען די געצעלטן? ווו איז אונזער היים? ער זוכט און נישטערט און געפינט זיין וועג, זיין פאַרענטפער אין דער שטילער תפילה: „נאָט, גיב מיר פון יעדן פשוטן פויער די רו". דאָס איז זיין טרוים, אָבער אין הארצן קאָכט, ער קאָן נישט רויק איבערטראָגן דאָס, וואָס איז געווען. ער באַמיט זיך זיין רויק — אָבער דאָס געשעענע לאָזט נישט רוען. עס מוז קומען דאָס גרויסע, וואָס וועט פאַרגלעטן דאָס, וואָס ס'איז געשען! און דער דיכטער קאָן זיך נישט באַגנוגן מיט די רויקע שטילע טענער, וואָס פליסן אַזוי גלאַטיק פון זיין קעל... ער לעכצט נאָך דעם גרויסן וואָרט, וואָס מוז קומען, — און מיר גלויבן: עס וועט קומען! — נאָכן וואָרט, וואָס וועט שאַפן אַ נייע „מעשה בראשית"...

* * *

„די שטילקייט מאָנט" איז דאָס ערשטע יידישע בוך, וואָס דערשיינט אין ניי-אויפגעשטאַנענעם פוילן. ווי שווער ס'זאָל נישט זיין דאָס איצטיקע לעבן אויף די חורבות פון פוילישן יידנטום, מוזן מיר אָבער שטרעבן אויפצושטעלן אומעטום דאָס, וואָס איז צעשטערט געוואָרן. פאַרהיילן די וואונדן. — דעריבער באַטראַכטן מיר דאָס דערשיינען פון דעם בוך יידישע לידער ווי אַן אָנהויב פון דער באַנייונג פון דעם יידישן ליטעראַרישן שאַפן אין פוילן.

*נ. בלומענטאַל*

# דאָס וואָרט

צוערשט איז אַלץ כאַאָס,
ס׳שלאָגט זיך דורך יעדעס וואָרט, יעדעס אות,
ווי דער ערשטער צאַפּל פון מאָרגן־ליכט
דורך גרויע נעפּלען און ווינגדיקן האָריזאָנט,
און כ׳דערפיל מיין פולס — דאָס געדיכט,
און אין די פערזן האָב איך זיך אויפסניי דערקענט.

אומגעשטערט,
פאַלן ווערטער, ווי קערנער אויף רויערד.
דער ריטם, ווי אַ בראָנע האָט צייכנס צוגעגרייט,
און ס׳בליען ווערטער אין גלייכן פערזנבייט.

פלוצים, ווי ס׳וואָלטן וואָלקנס אַלץ פאַרשטעלט,
ווי אַ ווינט וואָלט זיי געטריבן פון אומעטום,
גרוילט און מאָנט מיין צעשטערטע וועלט,
און איך לאָז דעם קאָפּ אַראָפּ און בלייב שטום.

און עס רייסן זיך די פערזן,
ווי ליכט פון אַ דערשטיקטן באַגינען,
און איך זוך אין די טיפענישן פון מיין האַרץ
דאָס גרויסע וואָרט, וואָס מיר מוזן געפינען.

## פּייזאַזש

ס׳האָט די שטילקייט ווידער באַהערשט דעם טאָל,
די זון פאַרגייט ווי נעכטן און ווי אַמאָל.
די ווערבע האָט זיך פאַרהילט אין זילבערנעם טרויער
און די שטילקייט ווי אַ חיה לויערט.

די געשרייען שוועבן נאָך דאָ אַרום
ווי פאַרחלשטע פייגל אין זייער לעצטן פלי,
און נידערן צו דעם פרישן ערד-באַרג שטום,
ס׳באַוועגט זיך די ערד אין איר לעצטער מי...

ווידער טרייסלט זיך אַ שטיק באַרג אויף
און פאַלט גלייך טיפער אין אָפּגרונט אַראָפּ...
ס׳לעשן זיך די פאַרבן
פון הויפנס קליידער און שטאַרבן.

— — — — — — — — — — —

די ווערבע האָט זיך פאַרהילט אין זילבערנעם טרויער.
די שטילקייט ווי אַ ווילדע חיה לויערט
אויפן פאַרשוווּנדענעם געשריי און לעצטן וואָרט —
אין דעם טאָל פון נאָר וואָס פאָרגעקומענעם מאַסן-מאָרד.

# שטיל-לעבן

ווי אַ שטורעם-ווינט, וואָס איז פּלוצים געוואָרן פֿאַרגליווערט
אין סאַמע מיט פֿון האַרבסטיקן בלעטערשאָט,
רוען ליים און ציגל און ברוכשטיקער
פֿון ווענט אין דער חרובער שטאָט

און חלומען פֿון דער קראַפֿט, וואָס האָט זיי געטראָגן
און וואַרטן אויף זיין באַפֿעל — דעם הילכיקן דונער-קלאַנג.
נאָר די קראַפֿט, וואָס האָט אַלץ צעטראָגן
ליגט אונטער אַ ציגל-באַרג פֿאַרשאָטן אַ פֿאַרזשאַווערטער טאַנק,

און וויל זיינע שטשירענדיקע זשאַווער-ציין
באַהאַלטן אין צעשאָטענעם ראָג...
דער באַגינען מיט זיין פֿאַראָסטעטן אָפּשיין
קען דאָ קיין אָרט ניט אויפֿזוכן פֿאַרן אָנקומענדיקן טאָג,

און שפּילט זיך מיט אַ קאַסקע און אַ שאַרבן, וואָס ליגן דאָ דערנעבן,
אויסגעוואַשענע פֿון רעגן העל
און זיי חלומען, ווען די אויסגעלאַשענע קראַפֿט וועט באַקומען לעבן,
און ס׳וועט דער אַרום דערהערן זייער באַפֿעל.

## שטילעבן

דער רידל איז געבליבן
אין דער דאַרע ערד שטיין.
אַ מענטש איז שטיל געפאַלן
און דערזען, אַז ער איז ניט אַליין.
ס'האָט דער רידל אַ וואָלקן פאַרהאַלטן
און דער וואָלקן נידערט אויך אַראָפ
און דעקט אים מיט צאַרטקייט איין.
נאָר די בערעזע האָט פאַר ווייטיק געשוויבערט דעם קאָפּ,
געקוקט מיט אירע אויגן — בלעטלעך פייכטע און מאַטע —
אויף דעם רידל,
קליידערקנויל
מיט דער לעשנדיקער זיך געלער לאַטע.

# דער טויט פון אַ מאַלער

געווידמעט דעם אָנדענק פון מײַן ברודער
— דעם ייִדישן מאַלער וואָלף מאַן.

איך זע דיך, מײַן ברודער, מיט דער פּאַליטרע אין דער האַנט
איך זע, ווי ס׳וויבּרירט דײַן פּענזל אויפֿן געוואַנט,
איך זע די פֿאַרבן־טענער וואָס שוועבן זיך צונויף,
און די גרויסע געסלעך, וואָס לעבן אונטער דײַן פּענזל אויף.

דו בלײַבסט אַזוי אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט
דורכן בלויען פֿענסטער שימערט דער פֿאַרנאַכט,
און פֿון די טונקעלע ווענט פֿון דײַן שטוב,
פֿון די רעמלעך אַרויס, גייען דײַנע העלדן אַראָפּ...

ס׳שטייט פֿאַר דיר הערשקע, דער שטאַרקסטער טרעגער פֿון שטאָט.
עס שרײַט זײַן בליק: גיט מײַנע כּוחות אַ תּיקון!
ס׳ווײַנט אַראָפּ דאָס קאָזשע־געסל און מאָנט בײַ גאָט,
וואָס זאָלן זיך אַלע בתּי־מדרשים דאָ אין ענגשאַפֿט שטיקן?

ס׳שטייט מיט די סאַנדעס יאַנקל וואַסערטרעגער,
אַרום דרייט זיך דער מאַרק ווי אַ קאַרוסעלע,
און ס׳ציטערן די סטרונעס אויפֿן בילד
פֿון די פּלאָנסקער חתונה־קאַפּעלע.

עס שטייט פאַר דיר אַ מיידל, -דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן
אויפן פּאָן פון אַ יידיש געסל, ווו ס׳וועלקן תמיד די גראָזן.
ס׳קומט יאַשקע צו דיר מיטן צעבראָסטעטן העמד,
און עס חלומען זיינע אויגן פון דער בלויער פרעמד.

דער געבויגענער סופיט פון בית-המדרש,
וואָס טרעפט זיך צונויף מיטן דיל,
דערציילט פון שפּאַנישע קאַטאַקאָמבעס,
און ס׳וויינט דאָרט מיטן גמרא-ניגון די שטיל.

ס׳האָט זיך פאַרטראַכט אַ יידישע מאַמע ביים פליקן פעדערן
— אַן אויסשטייער פאַר איר כלה-מויד.
פלוצים צעהילכן זיך אין צימער רעדער;
ס׳שלעפן זיך שנאָרער אין אַ בויד...

און דער אַלטער שוסטער איז גאָר פאַרשלאָפן,
מיטן העמערל און פלעקל אין דער האַנט,
ס׳פּאַלן אים די ברילן פון דער נאָז אַראָפּ,
און עס לעשט זיך דער ליכט-פלעק אויף דער וואַנט...

די צוויי שפּילנדיקע קינדער פון מיין הויף,
מיט די קרומע פיסלעך און אומעטיקע אויגן,
חלומען פון גראָזן און פון אַ טייך,
און פון פייגעלע, וואָס איז אָקאָרשט דורכגעפלויגן...

און פּלוצים דערהערסטו הילכיקע טריט,
באַגלייט מיט דעם ניגון פון פרייהייטס-ליד.
דאָס שפּאַנען די שוסטער און שניידער אין אַ ריי,
און איבער זיי בלויט זיך דער הימל פון מאַי.

— — — — — — — — —

דו זעצסט אַ מידער זיך אין שטול אַוועק,
ס'וויינט די פּאַלעטרע אין דיין האַנט.
עס שוועבן צוריק דיינע העלדן
אין די רעמלעך אַריין אויף דער וואַנט.

דאָס קאָזשע געסל ליגט שוין אַ חרובע
אָן יידן, אָן טירן, אָן פענסטער,
און ס'נישטערן דאָרט אין די נעכט
דייטשן — ווי די געשפּענסטער.

ס'שרייט צו דיר הערשקע,
דער שטאַרקסטער טרעגער פון דער שטאָט:
פאַרוואָס האָט מיין כח ניט באַקומען קיין תּיקון?
לאָז זיך דו ניט, מאָלער, דערשטיקן!

— — — — — — — — — —

עס קלאַפּט דער האַרבסט-ווינט אין דער טיר.
דאָס גייט מען, קינסטלער, נאָך דיר.

עס שטראַלט פון דעם לייוונט
אַ ניט-פאַרענדיקטער באַגינען.

— — — —

ס'האָט אים דאָס מאָרגן-ליכט אַ דערמאָרדעטן
אין נאָכאַמאָל פאַרניכטעטן געטאָ געפונען.

# א באלאדע פון א יידישער פרוי

ס'האָט א קערפּער אַ קערפּער אונטערגעהאַלטן
און פאַלשטע האָבן ניט געהאַט ווו צו פאַלן...
דערנאָך באַראַקן לעבן באַראַק — אַ לאַגער-שטאָט,
פאַרפלאָנטערט אין נעץ פון שטעכיקן דראָט.

וואַנזיניקע בליקן. פאַרגליווערטער שוידער און קעלט.
ווילדער געיעג. אומענדלעכער געשריי,
און מענטשן — פון אַלע עקן וועלט
מיט געפּעק אין אַ לאַנגער פאַרביקער ריי.

זי שפּאַנט דעם קאָפּ העכער ווי אַלע געהויבן.
ס'צאַפּלען וואָלקנס גרויע
געפאַנגענע פון עלעקטריש שטעכיקן דראָט,
ווי אַ חלום נעפּלט זיך די געבורטס-שטאָט.

זי האָט אַלץ ווי פאַרשטאַנען:
דעם אויפשריפט אויף דער וואַנט —
„ב אַ ד ע - ר אַ ו ם"
אי דעם מיין פון דער זייף אין איר האַנט.

אי דעם בליק פון עסעסמאַן:
הכנעה, פאַלשקייט, ליגן, רציחה און שפּאָט,
און פלוצים האָט
זי געטאָן פאָרויס אַ שפּאַן.

ווי אַווירבל-ווינט וואָלט איר געטאָן אַ טראָג.
ווי אַ בוים אַרויסגעריסענער
מיט וואָרצלען, וואָלט אַ שטורם געטאָן אַ יאָג.
ווי אַ פייערדיקע שטיק זון,
וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון די הייכן;
האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן
אין געראַנגל דעם אומגלייכן.

מיט צעפלאָסענע זון-האָר,
אינגאַנצן ווי אַ זוניקער בראַנד
איז זי געבליבן מיטן געווער אין די אויסגעשטרעקטע האַנט.

אירע ווערטער געוואָרפענע, ווי פייער-קנוילן,
זיינען פאַרשטומט געוואָרן פון ווינט-געווי,
פון אַלאַרם-געשריי,
פון קינדעריש געוויין
און פון אירע צילנדיקע שאָסן אין פאַלנדיקן באַנדיט.

זי איז געבליבן אַ ווילע אַזוי שטיין,
ווי די העכסטע אָקטאַווע פון אַ ליד,
ווי אַ דענקמאָל אויסגעשלאָגן פון שטיין,
ווי אַ אויסגעהאַקטער פעלזן-שטאַם,
ווי אַ פאַרגליווערטער פלאַם.

## גענוג

„אייערע נידערטרעכטיקע מעשים וועל איך איינקריצן אויפן
שטערן פון דער צייט, — זאָלן קומענדיקע דורות וויסן, וואָס
איר האָט אָפּגעטאָן“.
משה אבן עזרא.

מ'האָט באַפוילן: אויסטאָן די שיך!
מיר האָבן געפאָלגט און אויסגעטאָן די שיך.
מ'האָט באַפוילן: לויפן גיך!
מיר האָבן געפאָלגט און געלאָפן גיך.

מ'טרייבט אונז מיט בייטשן, ווי סטאַדעס שאָף און רינדער,
וואָס האָבן זיך פאַרבלאָנקעט אויף אַ פרעמדן פאַשע פעלד.
מ'קוקט אויף אונז ווי אויף אַ בייז ווונדער,
ס'ברענען אונזערע טריט די גאַסן פון דער וועלט.

מיר לויפן באָרוועסע, פאַרבלוטיקטע אָן געשריי,
מיר לויפן און פאַלן און שטייען אויף אויפסניי.

ס'האָט מיין חבר פלוצים אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ,
גענוג געלאָפן! שטייט! ניט רירן זיך פון אָרט!
און ער האָט זיינע פאַרבלוטיקטע הענט צעשפּרייט:
גענוג! גענוג! שטיין בלייבן! שטייט!

ס'האָבן זיך צעסווישטשעט בייטשן באַגלייט מיט געשריי,
און ס'האָבן אויף אים געטראָטן מענטשן, אַ ריי נאָך אַ ריי.

און ער איז געבליבן ליגן
אַ געקרייציקטער פון באָרוועסע פיס,
און געשטילט דעם דאָרשט מיט אייגן
בלוט, וואָס איז געווען אַזוי זיס.

מיר לויפן באָרוועסע, פאַרבלוטיקטע אָן געשריי,
מיר לויפן און פאַלן און שטייען אויף אויפסניי.

# סעלעקציע

העפטלינגען אין פּאַסן-קליידער האַלטן די הענט אויפגעהויבן,
ווי זיי וואָלטן וועלן דעם הימל אונטערשפּאַרן
מיט שותפותדיקן, געמיינזאַמען כּח און גלויבן
און ניט לאָזן אויף קעפּ דעם גרויען הימל פאַלן.

ס'קען דער פרימאָרגן-ווינט די דאַרע הענט ניט צעוויגן,
זיי שטאַרצן, ווי ניט דערברענטע צווייגן.
ס'שפּילט אויף די הענט מיטן טייטלדיקן פינגער דער עסעסמאַן אַ טויט-ניגון.
און ס'הערן די העפטלינגען דעם טויט-געזאַנג און שווייגן.

ער שפּאַנט לענגאויס דער ריי, ווו ס'זענען אַלע אויסגעשטעלט,
עס צערייסן די פרימאָרגן-רו קינזשאַלנדיקע באַפעלן,
רעכטס, לינקס, טויט, לעבן, פלינקער, האָפּ!
ס'לאָזן זיך צוויי הענט און אַ שטיק הימל אַראָפּ...

ווידער שטיל. ס'הערט נאָר ער, דער באַלעבאָס פון לעבן
זיין פעסטן הילכיקן טריט,
און ער וויברירט מיט זיין טייטלדיקן פינגער
אויף די געהויבענע הענט דעם טויט-ליד.

העפטלינגען אין פּאַסן-קליידער האַלטן די הענט אויפגעהויבן,
ווי זיי וואָלטן וועלן דעם הימל אונטערשפּאַרן
מיט שותפותדיקן, געמיינזאַמען כּח און גלויבן
און ניט לאָזן אויף קעפּ דעם גרויען הימל פאַלן.

# א באַלאַדע פון א דיכטער
# און פון א ווייסן פויגל

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן
צום ווייסן פויגל וואָס איז דורכגעפלויגן,
און געוואָרפן דעם רידל אויף דער ערד,
צו יעדן טרילעדיקן קלאַנג זיך צוגעהערט.

א ווייסער פויגל אין לאַגערס הימל הויך!
א ווייסער פויגל אין די נעפּלען פון קרעמאַטאָריע רויך!

דער פויגל האָט געפלאַטערט
איבער זיין קאָפּ
מיט העלע קלאַנגען.
דער אַרום האָט
געהוידעט זיך פאַר שרעק,
ס'זאָל די עלעקטרישע דראָט
דעם ווייסן פויגל ניט פאַנגען...

די זון האָט געענדערט צום שטעכיקן פאַרצוימונג.
דער פויגל האָט אַ פלאַטער געטאָן און אַ שפּרונג,
געבליבן אויפן דראָט,
און ווי אַ געוואָרפענער שטיין געפאַלן צו ערד אַראָפּ.

ער האָט די אויגן פול מיט פיין,
ברייט צעעפנט און דאָס בלוט האָט אין אים געפרירט.
אָט איז די זון מיט איר פייערדיקער שיין,
מיט שטעכיקער פאַרצוימונג געקומען אין באַריר.

אָ, אַ וווּנדער איז געשען,
אַ וווּנדער פון גאָט.
ס'האָט דאָס פייער געעפנט די פאַרצוימונג
פון שטעכיקן דראָט.
אָפן איז די וועלט פון מערב-זייט,
און אויפסניי האָט ער דערזען,
אָן זשאַווערדיקע צוימונג די וייטסטע ווייט.

מיט פייער האָבן זיינע אויגן זיך צעגליט:
„העי, נעמט אייערע רידלען מיט,
זעט, ס'איז צעשמאָלצן געוואָרן
די טויט-דראָטן דורך זוניקע פלאַמען
דער וועג איז אָפן פאַר אַלעמען!"

— — — — — — —

לאַנג איז ער אַזוי געהאנגען
אַ געקרייציקטער אויפן שטעכיקן צוים.
צופוסנס איז אַ ווייסער פויגל געלעגן —
דעם דיכטערס לעצטער טרוים.

# אין דאָרף מיקולין ברענען ליכט אין אַלע שויבן...

געהייליקט דעם אָנדענק פון די צענדליקער כויזנטער ייִדן וועלכע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין די וואָלינער וועלדער דורך אוקראַיניש-נאַציאָנאַליסטישע באַנדעס.

די לבנה שיפט זיך אויפן שניי
און פאַרטשעפּעט די בלויע שאָטן-צווייגן.
ערגעץ פלעמלט אַ פייער-שיין.
ס׳הערט דער וואַלד זיך איין אין זיין שווייגן.

דאָס פלעמל ברענט און לעשט זיך אויס,
עס וואַקסן שאָטנס נאָך לענגער אויס.
ביימער שפּאַנען צו און נעמען זיך אַרום,
דער וואַלד איז שטיל, די צווייגן — שטום.

אין קוסטעס פאַרפּלאָנטערטע מיט שניי און נאַכט,
זיצן וואַלד-ייִדן און וואַרעמען זיך אין אייגענעם שאָטן-געשטאַלט.
דער שניי גלאַנצט, ווי ס׳וואָלטן אַלע שטערן אין אים געטראַכט.
עס גרוילט מיט זיין שווייגן דער וואַלד.

די לבנה איז אין שניי בלויקייט
געוואָרן דערטרונקען.
אַ עכאָ ברענגט אַהער די ווייטסטע ווייט.
ס׳האָט די שטילקייט אין שטערן געקלינגען.

הריצקאָ שפּילט אויף זיין האַרמאָשקע.
אין דאָרף מיקולין ברענען ליכט אין אַלע שויבן.
ס'הערן שכנים, עס הערט די נאַכט.
„העי, אויס מיטן זשיד און מיטן לאַך,
אוקראַינע, דאָס פרייע אוקראַינע וועל איך ליובן".

עס הויבט זיך די סטעלע און עס ציטערן די ווענט,
ס'טאַנצט פאַר פרייד די האַרמאָשקע אין די הענט.
„אַ צייט אַ גאָלדענע אויף אוקראַינע געקומען"
ס'בלימלען זיך אינמיטן ווינטער די העמדער מיט געלע בלומען.

„האָלץ צו ברענען — גענוג איבער גענוג,
ס'פאַרקויפט דער דייטש פופציק פעניג פאַר אַ יידישע שטוב.
עך, שעווטשענקאָס דאָלע, אוי, אוקראַינע,
אוי, איר האַרציקע פעלדער, אוי, איר גרינע".

„יידיש פאַרמעגן, יידיש האָב און גוטס,
הפקר, נעם וויפל דיין האַרץ גלוסט.
שיין איז אין ווינטער די אוקראַינע-נאַכט,
אַ סוף צום זשיד און צום לאַך".

ס'ברענען אין מיקולין ליכט אין אַלע שויבן.
ס'האָבן זיך יונגוואַרג צו הריצקאָן צוזאַמענגעקליבן.
ענג איז די שטוב פאַר זייערע געזאַנגען,
זיי שפּאַנען איבערן דאָרף מיט די האַרמאָשקע קלאַנגען.

— — — — — — — — — — — —

פלוצים האָט זיך אין וואַלד אַ פייערל צעהעלט.
„העי, זעט! עס לעבן נאָך יידן אויף דער וועלט,
ווער קען דעם נאָענטסטן וועג, דעם גלייכסטן טראַקט,
האַידאַ, צום נאַכטיקן יידן־יאַגדו״.

אַ מחנה איז באַוואָפנט מיט העק,
ס׳שפּרייזט אַ מחנה אויף אַ פאַרשנייטן וועג.
ביימער שפּאַנען צו און נעמען זיך אַרום,
דער וואַלד איז שטיל, די צווייגן — שטום.

די לבנה צאַפּלט, ווי זי וואָלט געוואָלט
עמיצן וואָרענען מיט אירס אַ געשריי.
די בלויקייט גרוילט –
פאַר שוידער, שרעק און וויי.

— — — — — — — — — — —

מיט אַמאָל.
ס׳האָבן די ביימער גענומען שויבערן די קעפּ.
ס׳האָבן זיך צעפינקלט אין לבנה־שיין די העק.
דאָס פייער האָט זיך צעפלאַקערט העל
מיט רויטע בלוט־צונגען,
די נאַכט האָט פאַרשלונגען
דעם לעצטן שמע ישראל...

— — — — — — — — — — —

ער איז ניט דערלאָפן און געפאַלן
ערגעץ טיף אין וואַלד און געבליבן אַליין.
דאָס אָפענע פנים האָט געלאַכט,
צום געשפּענסטיקן לבנה־שיין.

אַ קינד האָט לאַנג אַ טאַטן געזוכט
און אים געפונען אין שניי ליגן.
די צעוויגטע קוסט-צווייגן
האָבן דאָס קינד גענומען פאַרוויגן.

ער קניט נעבן טאַטנס געזיכט
און פרייד זיך ביים לבנה-ליכט,
אָט איז אַ טיש מיט ווייסקייט באַדעקט
און ס'וויגט אים די מאַמע אין ווייסן בעט.

אַ וואָלף איז דורכגעגאַנגען
מיט פייער אין די אויגן.
זיך געשראָקן פאַר די דאָרף-קלאַנגען
און צום מענטשנס געזיכט זיך אָנגעבויגן.

ווי ער וואלט זיך געגרייט צו אַ שפרונג.
ער איז געבליבן שטיין נעבן קינד
און קינדערישע אייגעלעך האָבן זיך צעלאַכט.
ס'האָבן זיך צעקלונגען די שטערן אין אוקראַינער ווינטער-נאַכט.

ער האָט זיך ניט געשראָקן פאַר וועלף,
און ניט געבויגן דעם קאָפּ צו די טאַנצנדיקע האָזן.
ער האָט רואיק געקניט, געבויגן אין דער העלפט
ביז וואַנען ס'האָט דער פראָסט ניט אָפּגעלאָזן.

— — — — — — — — — — —

הריצקאָ שפּילט אויף זיין האַרמאָשקע,
אין דאָרף מיקולין ברענען ליכט אין אַלע שויבן,
ס'הערן שכנים, עס הערט די נאַכט.
„העי, אויס מיטן זשיד און לאַך,
אוקראַינע, דאָס פרייע אוקראַינע וועל איך לויבן“.

# א באַלאַדע פון א פרוי און פון א פידלער

*ווער האָט אירע ריטמישע טריט צעשטערט*
*און איר אין אַ כּשוף-קרייז געפאַנגען?*
*וואָס האָט זי זיך אין ראָג פאַרלוירן און הערט*
*די דינע ציטערנדיקע פידל-קלאַנגען?*

*עס שטייט אַ פידלער ביים ראָג*
*אויף אַ קולע אָנגעלענט,*
*און פילט אויס די שטילקייטס-מינוטן פון טאָג*
*מיט דעם גרויען סמיטשיק אין די האַנט.*

*און ס׳וויברירן די סטרונעס צום טויזנטסטן מאָל.*
*די געשיכטע פון פוס, וואָס ער האָט פאַרלוירן.*
*ס׳הערן די שטיינער אַרום ראָג די מעשה אָן אַ צאָל*
*נאָר דער קלאַנג פון גראָשן שטערט זיי טרויערן.*

*זי איז געבליבן אין ראָג שטיין.*
*ס׳האָבן די דורכגייער-כוואַליע איר צוגעשטויסן צו אַ וואַנט,*
*און עס האָט דער פידלערישער געוויין*
*פאַרפלאָנטערט איר אין שטאָלענעם דראָט.*
*זי זעט פאַר זיך דאָס בלוט-אייגענע ליטע-לאַנד*
*און די שייטערס פון איר רויכנדיקער שטאָט.*

*איר לעצטער גאַנג*
*צום געטאָ-טויער,*
*און לעצטער געראַנגל*
*מיטן טויט, וואָס לויערט.*

*הילכיקע שאָסן פון דייטשישע היטער.*
*און שטיל. און אויס.*
*ס׳פאַלט איר נאָענטסטער —*
*דער יידישער פידל ווירטואָז.*

דויך. פלאַם. בלוט און געשריי.
זי קניט איבערן פריינדס דורכגעשאָסענעם פוס
און קוקט אין הימל — הייך.
די וועלט איז אַזוי שיין און אַזוי מיאוס.

דערנאָך, גאַהייקע קלעפּ. געיעג.
לאַגערן — אַ שפּינגעוועב פון שטעכיקן דראָט,
און וועגן. אַ ווייטער פרעמדער וועג,
און דער עכאָ פון אַ פרעמדער שטאָט.

דער טויט האָט דאָ אַרומגעשפּאַנט
אַ געאָרעמטער מיט יעדן — האַנט ביי האַנט.
ער האָט צו איר געווינקען ביים פרימאָרגן ציילונג,
ער האָט צו איר געשטרעקט זיינע שאָטנס ביי יעדן קלאַנג.

— — — — — — — — — —

נאָר וואָס טוט זי דאָ ביי דעם ראָג,
און הערט דעם פידלערס קלאַנגען.
ווער איז ער, דער הינקענדיקער פידלער,
וואָס האָט איר אין דעם סטרונען נעץ געפאַנגען;

אפשר האָט ער ביי אַ געטאָ-טויער
זיין פוס פאַרלוירן
און ס׳וויינען דערפאַר די סטרונעס
און שטעקן אַלע דורכגייער אָן מיט טרויער.

ווער האָט אירע ריטמישע טריט צעשטערט
און איר אין כּישוף-קרייז געפאַנגען?
וואָס האָט זי זיך אין ראָג פאַרלוירן און הערט
די דינע ציטערנדיקע פידל קלאַנגען?

# א באלאדע פון א יידיש יינגעלע
# און פון א רויטן שטערן

ס׳הוידן זיך פון אויפרייסן
די ווייסרוסישע וועגן.
עס לויפן פייערן פון דערפלעך ווייסע
ס׳גייען זיי טאַנקן אַנטקעגן.

ס׳לויפט אַ יינגעלע
אויף ווייסרוסישע וועגן.
ער לויפט
דעם מזרח אַנטקעגן.

ס׳ברענט זיין דאָרף,
עס שטיקט אים נאָך דער רויך.
ס׳זיינען די קברים אָפן,
ער לויפט מיטן לעצטן אָטעם-הויך

ס׳האָט אים דער שכן וואַסילי
געוויזן אָט יענעם רויטן ראַנד.
און עס לויפט אַ יינגעלע
צום אויסגעטרוימטן לאַנד.

דאָרט, וווּ ס׳גייט אויף אין פלאַמען
טויזנט זונען,
דאָרט וועסטו דיין מאַמען
און די קינדערישע רו געפינען.

אין אַ טיכעלע פאַרבונדן,
אַ שטיקעלע שוואַרץ ברויט.
עס לויפט אַ ייִנגעלע פון ווייסרוסלאַנד
צווישן פייער און טויט.

עס הוידעט זיך די ערד,
ס׳זשומען טאַנקן,
ווי טויזנטער
צעווילדעוועטע פערד.

ס׳שטויבט זיך די ערד,
ווי זי וואָלט זיך געוואָלט צעשיטן,
„העי! וואָס פּלאָנטערסטו
זיך יונג אינמיטן?״

ס׳האָט אַ טאַנק זיך אָפּגעשטעלט
און עס פרעגט אַ שוואַרצער טאַנקיסט:
„זאָג!
ווהין גייסטו און ווער ביסטו?״

און ס׳הויבן זיך די הימלען,
און ס׳הוידעט זיך די ליכט-שיין
און ס׳טריקנט אים דער גומען
און ס׳בויגן זיך די קניען איין.

„איך בין וואַסיליס זון,
פון דעם דאָרף אָ. דערנעבן,
אונזער שטוב פאַרברענט איז,
איך גיי צו דער מומען לעבן״.

„ס'ברענען די ווייסרוסישע דערפער.
עס זענען די וועגן פייער און פלאַם
און דו,
זוכסט אין אַזאַ צייט אַ היים?“

פלוצים.
ווי ס'וואָלט אַ וווּנדערלעכער פויגל אַראָפּגעפלויגן,
עפנט דאָס ייִנגעלע
פון ווייסרוסישע וועגן זיינע אויגן.

ס'קוקט פון אונטערן
פאַרשטויבטן טאַנק אַפער
אַ פינפעקיקער רויטער שטערן.
און ס'ציטערט אויף

זיין קינדערישער גוף,
ווי ער וואָלט נייע כוחות באַקומען,
„הערט! ניט אמת,
איך גיי ניט צו קיין מומען!“

מיט ווערטער פול מיט פיין און פרייד,
ווי אַקאָרד-קלאַנגען פון אַ ליד,
האָט דער ווייסרוסישער סטעפּ געהערט זיין אויסגעשריי:
איך בין אַ ייִד!

## דאָס געשריי פון מיין שטאָט

כ׳וואַנדער איבער מיין געבורטס-שטאָט
און דערקען ניט דאָס אָרט,
וווּ ס׳איז מיין הויז געשטאַנען,
נאָר שטיקלעך געקאַלכטע ווענט דערמאָנען מיר מיין מאַמען,

אָט זיינען די גאַסן, דורך וועלכע מ׳האָט מיינע ברידער געטריבן,
אָט זיינען די איינצלנע יידן פון שטעטל פאַרבליבן.
זיי שווייגן, פול מיט פחד אין די אויגן,
ווי ס׳פאַרשווייגן אויף א ווײלע צווייגן פון ווינטן געבויגענע...

ס׳שווייגן פאַרדעכטיקט שכנים פון קריסטלעכן גלויבן,
ציען מיט די אַקסלען: „ס׳איז אַ קללה פון אויבן״.
ס׳ליגט אַלץ דאָ אין שטילקייט פאַרהוילן,
ס׳רוען די חורבות פון א יידיש שטעטעלע פון פוילן.

— — — — — — — — — — — —

אַז ס׳האָט די שקיעה
די לעצטע שטראַלן דערברענט,
האָט מיט בלוט זיך אויפסניי
באַפאַרבט די חרובע ווענט.

און ס׳מאָנען א עדה יידן,
וואָס איז שוין ניטאָ
און ס׳שרייט א שטאָט
מיט איר שטילקייט און רו.

פלאָנסק, 1945

## האַלט איין דעם אָטעם...

האַלט איין דעם אָטעם און עטעם ניט,
פאַרהאַלט דיינע טריט.
בויג איין דיין גרויען קאָפּ
צו דער ערד אַראָפּ.

זאָל וויגן דער ווינט דיינע דאַרע הענט,
ווי האַרבסטיקע בערעזע-צווייגן.
קוק אויף די חרובע ווענט,
פאַרוואַנדל זיך אַליין
אין אַ חורבן-שטיין
און באַהעפט זיך, ווי דער אָרום, מיט שווייגן.

עס וועלן די שקיעהס
נייע בלוטן דיר ניט געבן,
און נאַכטיקע שאָטנס פון תּליות
וועלן דערמאָנען דאָס אומגעבראַכטע לעבן.

איז וווּ-זשע פריינד,
וועסטו אַוועקוואַנדערן אין דעמערונג-שעה?
בלייב היינט,
ביי די ווענט פון דיין הויז, ווו ס'איז קיינער ניטאָ.

## ס'האָט דער רעגן-בויגן
## פאַרלאָרן זיינע פאַרבן!

עס דערמאָנען די שקיעהס
אין בלוטיקן שניט.
די בלויע בערעזע-שאָטנס
אין שרעק-תליות,
די וואָלקנס, וואָס ס'טראָגט
דער ווינט פון אויבן —
אין רויך פון קרעמאַטאָריע-אויוון.
דאָ, וווּ איך האָב געזען
אַ פאָלק שטאַרבן —
דאָ האָט דער רעגנבויגן
פאַרלאָרן זיינע פאַרבן!

* *
*

אָפטמאָל וויל איך
אויסטאָן די שיך
און שטיל אַזוי שטעלן מיינע טריט
אין מיין צימער,
און מיט שטילע ווערטער פון אַ ליד
פאַרוויגן מיין יאָמער.
און אָפט —
וויל איך, אַז ס'זאָלן הילכן מיינע טריט,
אַז ס'זאָלן די ווערטער פון ליד,
ווי פייער-קנוילן זיך צעצינדן
און ברענען די ניט פאַרהיילטע ווונדן,
און איך זאָל זיך פאַרוואַנדלען —
אין אַ פייער-זייל ביי אַ גרויסשטאָטישן ראָג
און מאָנען מיט פלאַמען,
ביים גלייכגילטיקן פרעמדן טאָג.

## ווער קען דען קומען צו מיר?

מיט ברויט און זאַלץ איז געגרייט מײַן טיש היינט,
און צעפּראַלט האָב איך די טיר.
איך זיץ ווי אַן אבל אויפן שוועל און וואַרט אויף אַ פריינט.
ווער קען דען קומען צו מיר?

אַ חוץ דעם ווינט —
וואָס הוליעט פון טיר צו אָפענע שויבן.
אויסער מײַן קינד,
וואָס רעדט אומפאַרשטענדלעך צו די שכנישע טויבן.
ווער קען דען קומען צו מיר?

אַ חוץ דערווידערקול פון מײַן געוויין,
און דער לעצטער אָפּשיין
פון אַ ברענענדיקן פלאַם,
און דעם ווינט, וואָס טראָגט
דעם אַש פון מײַן שטאַם.

— — — — — — — — — — —

מיט ברויט און זאַלץ איז געגרייט מײַן טיש היינט,
און צעפּראַלט האָב איך די טיר,
איך זיץ ווי אַן אבל אויפן שוועל און וואַרט אַ פריינט,
ווער קען דען קומען צו מיר?

## ווּ זאָל איך מײַנע געצעלטן צעשלאָגן?

און פאַרלאָשן איז דאָ דאָס פייער און פלאַם.
איך שטיי ווידער בײַ דײַנע ברעגן, ווייסל.
איך דער — אָנהייב פון אַ נײַעם שטאַם —
און קוק מיט שרעק אויף די גרויע פאַרטאָגן,
זאָג, ווייסל, ווּ זאָל איך מײַנע געצעלטן צעשלאָגן?
ס'האָבן אונזערע עלטער-זיידעס זייערע געצעלטן אויפגעשטעלט
דאָ, ווּ ס'האָבן זיך געקרייציקט די וועגן פון דער וועלט.
נאָר מײַן זיידע האָט געזוכט אַ רויק אָרט,
ווּ ס'וואַקסן טיף די גראָזן, ווּ ס'איז פעט דאָס פּאַשע-פעלד
און נאָענט דער סאָסנע-וואַלד —
און האָט צעשלאָגן דאָ אונזער געצעלט,
דער אָנהייב פון מײַן משפּחה-שטאַם.
אָפּגעווישט איז אַלץ געוואָרן דורך פייער און פלאַם.
און איך בין ווידער געקומען,
מיט אַ טאָרבע און אַ שטעקן אין דער האַנט,
זאָג מיר, זאָג, ווייסל-לאַנד!
זאָג מיר, ווּ זאָל איך מײַנע געצעלטן צעשלאָגן?
ענטפער מיר, גרויע ווייסל-פאַרטאָגן!
אַז איך זאָל פון דאַנען ניט ווערן געטריבן,
איך, דער איינציקער פון שטאַם, וואָס איז פאַרבליבן.
אַז ס'זאָלן בייזע הענט
ניט צעשטערן מײַן פּשוטע היים
פון געקאַלכטע ווענט —
און אַ דיל פון ליים.
זאָגט מיר, ווּ איז פאַראַן אין דער וועלט
אַזאַ אָרט, וואָס וועט באַגריסן מײַן קומען,
די לאָנקע מיט אירע טיפע גראָזן,
די האַרציקע בלוי-רויטע קלעווער-בלומען,
וואָס איך קאָן ניט פאַרלאָזן —
דאָס פעטע פּאַשע-פעלד,
זאָגט, ווּ זאָל איך צעשלאָגן מײַן געצעלט?

## קענסטו דאָס לאַנד...

קענסטו דאָס לאַנד,
ווו מ׳וועט וואַרטן אויף מיר
מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
ווו מען וועט באַגריסן מיין קומען
מיט זאַלץ און ברויט,
ווו כ׳וועל צוריק דערפילן דעם ריח פון בלומען
און ס׳וועט פאַרשווונדן די שרעק פון פּלוצימדיקן טויט.

ווו ס׳וועט מיר מיין שכן זאָגן:
זיי באַגריסט אויף דער נייער ערד,
און ס׳וועלן געזעצן ווערן אויף פעלזן אויסגעשלאָגן:
דאָ צו לעבן און שטארבן איז דיר באַשערט.

* * *

קינד מיינס —
וואָס כ׳טראָג דיך אויף מיינע הענט,
דורכן פלאַמענדיקן קאָנטינענט.
אַזויפיל טייכן דורכגעשפּאַנט —
און אַלץ ניט דערגרייכט דעם שטילן ראַנד...

קינד מיינס, דו פרעגסט ווו
איז אונזער שטוב מיטן גאָרטן...
אָט דאָרטן!
ווו ס׳איז די בלויקייט נאָך בלויער פון בלאָ,
דאָרט, ווו ס׳איז די רויקייט פייערלעכער ווי דאָ,
דאָרט, ווו ס׳פינקלען העלער ווי אומעטום די שטערן,
דאָרט, ווו ס׳שפּרודלען קוואַלן לויטערע ווי טרערן,
דאָרט שטייט אַ שטיבעלע אַ קליינס,
אָ, קינד מיינס,
אָ, קינד מיינס.

## אויף דער ערשטער זייט

באלאדע

*ס׳האָבן די טאָפּאָליעס נעבן פענסטער*
*זיך צעהוידעט אַזוי,*
*ווי זיי וואָלטן זיך געסודעט*
*וועגן איינזאַמען שכן און דער יונגער פרוי.*
*ס׳האָבן בלעטער דערציילט די גראָזן*
*פון אַ מענטשן, וואָס ס׳האָבן אַלע פאַרלאָזן,*
*פון זיין טיפן אָדלער-בליק,*
*וואָס דער טויט האָט צוגעשמידט.*
*ס׳האָט שוין אַ קרובה פאַרבעטן דעם הייליקן פאָטער*
*און געקויפט צוויי וואַקסענע ליכט,*
*און בלומען צוקאָפּנס, עס איז גרייט דער*
*טויט-אַנצוג און אויסגעפּוצט די שיך.*
*עס הייבט דער קראַנקער אויף די ברעמען,*
*„פאַרוואָס זאָל איך שטאַרבן אויף אַ פרעמדן נאָמען?״*
*עס צלמט זיך די יונגע פרוי,*
*אָט וועט דער הייליקער פאָטער קומען.*
*„אויב אירווילט, זאָל עס געשען אַזוי,*
*איך וועל אייך אַנטפּלעקן מיין יידישן נאָמען״.*
*עס קלאַפּט ביי דער פרוי די שלייפן. ס׳האָט ער,*
*דער קראַנקער קוים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ...*
*שכנים בויגן זיך קניענדיק אַראָפּ*
*און קושן די האַנט פון הייליקן פאָטער.*

— — — — — — — — — — — —

*ס׳האָבן די טאָפּאָליעס נעבן פענסטער*
*זיך צעהוידעט אַזוי,*
*ווי זיי וואָלטן זיך געסודעט*
*וועגן איינזאַמען שכן און דער יונגער פרוי...*

# ס׳האָבן זיך באַרויקט די צעוויגטע האָריזאָנטן...

ס׳האָבן זיך באַרויקט די צעוויגטע האָריזאָנטן
און קלאָר איז דער הימל-הויך.
און דיך טרייבט אַלץ אין אומבאַקאַנטן
דער ריח פון בלוט און רויך.

אויפסניי זיינען די פאַרנאַכטן אין בלוי-ראָזן שיין,
און פאַרלאָשן זיינען שוין די פלאַמען.
נאָר אויף אַלע וועגן הערסטו דעם געוויין
פון אונזער גרויער מאַמען...

עס שווימען דיר אַנטקעגן
די רויקע ווייסל-ברעגן...
ברודער מיינער, מיטן פעקל אין דער האַנט,
אומגעבעטענער גאַסט פון פרעמדן לאַנד.

ווען וועסטו אָפּרייניקן דיין קלייד פון שטויב,
ביי וועלכע טייכן וועסטו דיין דורשט שטילן?
ווען וועסטו פאַר דיין נע-ונד זינגען אַ לויב,
אַז ס׳איז אויף אַש פאַרברענט דיין סידור און תפילין

## דער ייד

די וועלט — ווי ס'וואָלט איר איצט באַשאַפן אַ ניטזעבאַרע האַנט.
דאָס ליכט, וואָס קיינער ווייס נאָך ניט זיין מקור און אָפּשטאַם,
האָט די וואָלקנס באַזיימט מיט אַ צאַרטן ראַנד,
אָט וועט דער טונקעלער האָריזאָנט ווי אַ רייף פלאַצן פון פלאַם.

אַלץ איז דאָ נאָך שאָטן פון פאַרגאַנגענע טעג.
אין מיטלפּונקט פון אַרום ליגט אַ וועג.
די צוויי ביימער מיט קרוינען און גלייכע שטאַמען,
דאָס איז אַ שאָטן-טויער פאַר אָנקומענדיקע פלאַמען.

די טונקעלע סנאָפּעס תבואה —
דער אָפּשיין פון שניטערס נעכטיקע מי,
און דער גראַדער ברייטער שליאַך —
וואָס פירט ביידע האָריזאָנטן צונויף — נאַכט מיט נאַכט,
און זיי ווערן איצט פון אומבאַקאַנטע ליכט צעהעלט,
איז דער אַקס פון דער אַרומיקער וועלט.

אַ וואַנדערער באַווייזט זיך אויפן שליאַך,
ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ די טונקלקייט פון נאַכט.
ער הויבט זיין קערפּער אויף אין זיין גאַנצער גרויס
פון שאָטנס און טונקלקייט אַרויס.

אַ פאַרשמירטער אין קויט און בלוט מיט אַ צעריסן קלייד,
קוקן זיינע אויגן אין דער באַגינען-ווייט.
עס פלאַמט דער קערפּער זיינער
פון בלוט און זונען-שיין.

ער האָט זיך אין זיין פולער הויך אויסגעגלייכט.
איצט האָב איך אים שוין דערקענט,
דאָס איז אַ יונגער מיט אַ צעהעלט געזיכט,
וואָס גייט מיט פעסטע שפאַן צום האָריזאָנט.

ער איז ניט דער שאָטן פון די בלוטיקע טעג.
ער גייט אויף אַ ניט געזעענעם און ניט געטראָטענעם וועג.
דאָס איז דער וועג, וואָס אַלע שטראַלן האָבן באַהעלט,
דאָס איז אַקס פון דער וועלט,
וואָס פירט צוויי האָריזאָנטן צונויף.
עס גייט אַ וואַנדערער באַרג אַרויף.

אַלץ ווערט לויטער.
ער האָט פאַר דעם ליכט זיך ניט אָפּגעשטעלט.
ער גייט — און עס הוידעט זיך די וועלט.
עס האָט די אומזעבאַרע האַנט געעפנט פאַר אים דעם האָריזאָנט.
ער גייט מיט אַ הילכיקן טריט.
אָ, איך האָב דעם וואַנדערער דערקענט —
דאָס איז דער ווידערגעבוירענער ייד.

# זאָל ווי פֿאַר בראשית ווערן!

מיר זײַנען בײַנדלעך בלויז צעשטעלט צום צוועק
פֿאַר שאַך-שפּיל אויף דעם ברעט פֿון טאָג און נאַכט.
(אָמאַר כאַיאַם, פּערסישער פּאָעט, XI-טער יאָרהונדערטס).

אָ, אומענדלעכער הימל-בלאָ!
צו דיר קום איך מײַן אומרויִקע שעה,
דיר קום איך פֿרעגן,
מיט צעפּלאָסענע האָר אין ווינט,
מיט אָפֿענע אויגן, וואָס פֿירן מיך בלינד,
מיט אַ צעבראָסטעטן העמד,
וואַנדער איך דאָ אין דער פֿרעמד,
מיט באָרוועסע פֿיס צעשטאָכענע ביז בלוט,
שפּאַן איך און געפֿין ניט קיין רו.

מ׳האָט אַ פֿאָלק איצט צו אָפֿענע
קברים אויסגעשטעלט!
שטעלט זיך טײַכן אָפּ!
האַלט זיך אײַן וועלן!

איך שיט זאַמד אויף מײַן קאָפּ,
רײַס פֿון זיך די קליידער אַראָפּ,
אומענדלעכער הימל-בלאָ!
זאָל זיך דאָ אָנצינדן אַ בוים,
אַ צייכן, אַז גאָט איז דאָ!
זאָל זיך באַרויקן דער כוואַליעדיקער שוים!
זאָלן די פֿייגל זייער געזאַנג פֿאַרשטילן,
און אַ נעפּל זאָל אַלץ פֿאַרהילן
און פֿאַרלעשן דאָס ליכט,
און ס׳וועט די וועלט גאָטס געריכט,
דורכן מויל פֿון פֿלאַמיקע בליצן און קול פֿון דונערן דערהערן,
זאָל ווי פֿאַר בראשית ווערן!

# מיין תפילה

אָ גאָטו וואָס האָסט מיין פאָלק אויסדערוויילט צום רום,
כדי דער פיינט זאָל אונז אויסוויילן צום אומקום.
האָסט אונז געגעבן קלאָרע און ליכטיקע אויגן,
בדי פינסטערניש זאָל אייביק אויף זיי לויערן.
מיר האָבן אין דיין נאָמען ליבע צו מענטשן געטראָגן
און געוועזן — דער אָנזאָג פון העלן מאָרגן,
און ס׳האָט דאָס סאַמע שוואַרצסטע פון דער נאַכט
דאָס פאָלק — דיין אויסדערוויילטס אומגעבראַכט.
ס׳ברענט די שנאה — צו די איינציל-געבליבענע פון מיין פאָלק,
ווי אַ ניט פאַרלאָשענער שייטער.
אָ, גאָטו הער מיין קול,
איך וויל מער ניט זיין דער אויסדערוויילטער!
אָ גאָטו אויב ביסט דאָ,
גיב מיר פון יעדן פשוטן פויער די רו,
וואָס אַקערט דורות
די זעלבע ערד פון אורזיידעס.
בענטש מיינע הענט צו שווערסטע מי,
אויף מיין אייגענעם פליין,
פון זיין מיט זיך און דיר אליין,
אַז ס׳זאָל מיין שפּאַן ניט אָפּשטיין
פון אלעמענס טריט,
אז ס׳זאָל ניט אומעטיקער קלינגען מיין ליד.
אָ, גאָטו
פאַרלעש די שנאה — דעם נאָך ניט דערברענטן פלאַם!
נעם אַראָפּ פון מיר די לאַסט פון אַן אויסדערוויילטן שטאַם!
אויב ביסט דאָ,
און מיין תפילה דו הערסט,
גיב מיר פון יעדן פשוטן פויער די רו,
וואָס אַקערט זיין אייגענע ערד.

# אינהאלט:

